משה יונגמאַן

# מײַן טאַטנס פּרנסות

## ליד און באַלאַדע




פאַרלאַג „ישׂראל-בוך“
הילפספאָנד פאַר ייִדיש-שאַפונג
תּל-אָביב, תשמ״א — 1981

משה יונגמן

# פרנסתו של אבי

שירים ובלדות

M. YUNGMAN

# MAIN TATNS PARNUSES

Poems

הילע געצייכנט פון רעיה וסרמן־סיני

פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג אין לאַנד

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון קרן תל־אביב לספרות ולאמנות
ע"ש יהושע רבינוביץ

„דפוס „אורלי" — פרידמן, תל־אביב, טל. 332062

לזכר אבי מורי הקדוש

ר׳ יצחק בר׳ צבי יעקב

הי״ד

## מײַן טאַטע

א.

אויף קײן אײַזערנער בריק
האָט ער נישט אויסגעלערנט מיך גײן.
װײַס, װי פּאַפּיר, זײַן פּנים געװען.
און אויך זײַן בריק
און געװער
געװען פון פּאַפּיר.

האָט ער מיך געפירט דורך זײַן װײַסקײט.
ברױט נישט געװען — פלעגט ער שטענדיק
אָנבײגן זײַן קאָפּ װי אַ הון
און, פון פּאַפּיר, פאַר מיר
אַרױספּיקן אותיות,
װאָס האָבן גהדאַרפט פאַרענטפערן אַלץ,
אפילו זײַן טױט. װײַס װי פּאַפּיר
געלעגן איז ער צו די פּיס.
אַלע זענען אויף אים אַריבערגעגאַנגען.
ער אַלײן —
האָט טראָגן זיך מער נישט געקאָנט.

ב.

מײַן טאַטע —
ווי קליין ער איז געווען,
האָט ער שטענדיק געקאָנט אויסשטרעקן
די האַנט צום הימל,
אַראָפּשאַרן אַ בינטל שטערן,
וואָס פלעגן סטײַען
אויף אַ גאַנצער וואָך.

וויפל וועגן ס'האָבן אים נישט געמאַניעט —
ער פלעגט שטענדיק צוריקקומען
שפּל
מיט אַ גראָ-ווערנדיקער באָרד,
צו די חלבנע סטעזשקעס
פון חומש.

מער ווי אַ בײַטש
— זײַן אייגנס —
האָט ער נישט פאַרמאָגט.
נאָר שטענדיק
סיליענדיק די טרערן פון חצות
האָט ער בהרחבהדיק
מיר פאַרירשנט
אַ מ ד י נ ה.

ג.

פון אַלע פֿײַערװעגן אין זכרון
איז מיר נעענטער
דער סקריפּנדיקער פערד-און-װאָגן
אויף װעלכן מײַן טאַטע
פֿלעגט אַרױספֿאָרן
יעדן פֿאַרטאָג
אָפּריכטן גלות אין די קאַרפּאַטן.

אליהו הנביאן איז בעסער געװען.
שפּײַבלער אין טאָל
האָבן זיכער נישט אַרױפֿגעקוקט
אַנגסטיק,
געזען װי דער װאָגן אין זון
װערט אַלץ קלענער און קלענער.

מײַן טאַטן איז בעסער געװען.
שפּײַבלער האָבן שטענדיק אים צוריקגעבראַכט
פֿאַר נאַכט
מיט אַש אויף די ליפּן,
מיט אויסגײיענדיקער זון.

מײַן טאַטע איז נישט געװען אליהו —
פֿאַר מיר אָבער איז ער געװען.

# מזל

בלאָע זון אויף קאַרפּאַטן. אונטן אין טאָל
היפּערט דער טשערמוש פון קול צו קול.
שפּאַנט טאַטע אײַן דאָס פערד אין וואָגן
און פאָרט אַרויס זײַן מזל דעריאָגן.

טרעפט ער אין וועג הוצולן צוויי.
גיט ער אָפּ אַ ברייטן „דאָבריי דין" זיי.
טוען די הוצולן צווישן זיך סודען
און רוקן די קוטשמעס אַראָפּ אין די אויגן.

פאָרט ער ווײַטער און טרעפט בײַ דער זײַט פון טראַקט
אַ באַרעמיק האָלץ, ערשט אָפּגעהאַקט.
קלערט טאַטע: אַ באַרעמיק האָלץ... אַ סימן
אַז דער העקער איז אויך נישט ווײַט פון הינען.

ציט ער די לייצן און זאָגט: „וויאָ!"
נישט כדאי צו פאַרפּאַסן די בלאָע שעה.
פליט אַ ווערבע פאַרבײַ, לעבן איר אַ יויזל,
בײַ די פיס אים — אַ פאַרוויאַנעט בינטל רויזן.

שמייכלט טאַטע צו זיך: אַ סימן אַ גוי...
הלואי קומט ס׳מזל צו מיר אַזוי.
און ווי ער גיט נאָר אַ קלער די ווערטער,
הינטער זיך אַ הויכן ספּיפּטש דערהערט ער.

קערט טאַטע זיך אום און זעט — אַ בראָך!
יאָגן הוצולן הינטער אים נאָך.
מיט העק אין די הענט, מיט קוטשמעס — באַראַנעו,
און הוקן — גלײַך גאָט וואָלט נישט זײַן פּאַראַנעו.

וואַרפט ער זײַן קוק אויף פאָרויס: אויך פון דאָרט,
אַ הוצול לויפט אַנטקעגן אויבעט פון דאָרט!
אַ הוצול אַזאַ מיט אַ וואַלד אויף די פּלייצעס!
פאַלן בײַם טאַטן אַרויס די לייצעס.

...נאָר אין אָט דער רגע — ווי אַ טונקעלער בליץ —
דערציילט טאַטע — גיט זיך דאָס פערדל אַ ריס.
און געווען ס׳אַן אַנטלויפן, אַ פליִען, אַ יאָגן —
אַזש פייער האָט זיך געשאָטן פון וואָגן.

— — — — — — — — — — — — — —

רויטע זון אויף קאַרפּאַטן. אונטן אין טאָל
היפּערט דער טשערמוש פון קול צו קול.
אַ בלייכער ווי קרײַד, אַ באַדעקטער מיט שטויבן
קומט טאַטע אַהיים. אַ לויב דעם פון אויבן.

## דאָס דאָרף

ליד פון טשערמוש און פון הוצול,
פון דעמבעס און קאַרפּאַטן;
און אַ שטוב מיט קינדער פול
אין די אויגן פון מײַן טאַטן.

פּירן װעגן קײן סניאַטין
און חלומות קײן פּאָדאַיעץ.
פּרנסות דאָרטן דין-דין
צו דערהאַלטן קוים דאָס חיות.

גזלנים-טשײַקעס אומעטום;
יויזלער אין פּוסטע העקן;
פליִען בײַנאַכט װאַװקולאַקעס אַרום
און קינדער צו טויט דערשרעקן.

יאַלאָװע קי אין די שטאַלן. זעכט.
אינעם װעלדל אַ בית-הקברות.
אַ באָבעצי גײט אַרום און שפּרעכט
אין די שטיבער אָפּ עין-הרעס.

אויך אַ צערקווע מיט אַ גרינעם פּלויט
און אַ טאָלאָקע פּאַראַן איז.
יעדע חגא בײַם אָוונטרויט
צעפּלאַקערט זיך דאָרט אַ דאַנעץ.

וויגט זיך אַ דערפל אין בלאָ און גרין
דראַפּעט זיך אַרויף אויף סקאַלעס.
הוצולן שיכּור פון ווײַן און טאַטין
כאַפּן בײַ זיך אויס די כלהס.

שטעכט מען מיט מעסערס זיך ביז בלוט,
מיט דריגעס האָלץ זיך טויט מען.
גאָלט מען אָפּ איינעם פּאַר אַ רעקרוט,
דעם צווייטן אין טרומנע באַגלייט מען.

וואַקסן דאָרט ברינעמער מיט מאָך,
און שיקסעס מיט ממזרים
שפּרינגען אין זיי אַרײַן. דערנאָך
טוען זיי שדים מיט הערנער ווערן.

גויִים מיט ווידלעס און מיט העק
און מײַן טאַטע אין דער מיטן.
מיט אַ פּאַראָומערט בינטל טעג
אויף וואָגן צי אויף שליטן.

פֿירן וועגן קיין סניאַטין
און חלומות קיין פּאָדאַיעץ.
פּרנסות דאָרטן דין-דין-דין
צו דערהאַלטן קוים דאָס חיות.

## בײַם שיידוועג

שטייט מײַן טאַטע, קליין, בײַם שיידוועג און שטייט
און ווייסט נישט ווײַטער וווּהין מען גייט.

זאָל ער גיין אויף לינקס — איז דאָך דאָרטן אַ וואַלד,
און די נאַכט, ווי אַ באַרג, אויפֿן קאָפּ זײַנעם פֿאַלט.

זאָל ער גיין אויף רעכטס — איז דאָך ווײַטער מסוכּן:
טשאַטעווען אויף פּלינקע פֿערדלעך הײַדוקן.

איז אפֿשר טאַקע זיך לאָזן אויף לינקס
מיט די שטערן וואָס בלינצלען דעם ערשטן געבלינץ,

מיט די זשאַבעס וואָס קוואַקן דעם ערשטן קוואַ-קוואַק?
ווי אַזוי-זשע אָבער דערטראָגן דעם זאַק

איבער וואַלד, איבער סטעזשקע און מאָך און געהילצן,
ווען אין אויער — ווי שדים — די שפּרינגערלעך גרילצן?!

דאַרף מען זיך טאַקע לאָזן אויף רעכטס,
כאָטש ס'האַרץ וועט אַרויספּאַלן בײַם ערשטן געיעכץ

פֿון דעמבעס-הײַדוקן מיט אויגאַנעס געלע,
וואָס וועלן דעם וועג אים מיט ביקסלעך פֿאַרשטעלן

און וועלן אַראָפּרײַסן פון אים דעם זאַק —
כאָטש האָבן דאָרט האָט ער דעם דלות רק.

אוודאי מוז מען זיך לאָזן אויף לינקס.
נאָר וואָס וועט ער טאָן בײַ נאַכט אין געהילץ?

שוין דעם דריטן טאָג אָן אַ וואַרעם געקעכץ.
איז אפשר טאַקע פאַרקירעווען אויף רעכטס?

— — — — — — — — — — — — — —

שטייט מײַן קלײנער טאַטע בײַם שײדוועג און שטייט,
און ווייסט נישט ווײַטער וואוהין מען גייט.

און נאַכט פאַלט אַראָפּ און אַ ווינטל צעשפּילט זיך,
און דער גאַנצער אַרום ווי אַ פידל צעגרילט זיך.

## די קאָזע

אויסגעשטערנטער הימל. דער טאַטע שלעפּט מיד
אַ קאָזע אַהיים פונעם ווײַטן יריד.

זאָגט די קאָזע צום טאַטן: „די סטעזשקע — שמאָל.
ווי ווילסטו בײַנאַכט דיר נאָכגיין כ׳זאָל?״

ענטפערט דער טאַטע: „ס׳איז אמת. אַליין
זע איך אויך נישט מער ווו אַהין צו גיין.״

באַרג-אַראָפּ, באַרג-ארויף. די קאַרפּאַטן — אַ וואַנט:
נאַכט מיט אַ זשמעניע שטערן בײַם ראַנד.

זאָגט די קאָזע: „פאַרפאַלן! נישטאָ קיין וועג.
באַלד וועלן דאָ וואַקסן גזלנים מיט העק!״

קײַט טאַטע די באָרד, ענטפערט אָפּ מיט אַ כליפּ:
„נישטאָ וווּהין ווײַטער, טאַטע — פאַרגיב!״

זאָגט קאָזע: „נעם מיך אויף פּלייצע און קום!
גזלנים גורטן די שווערד שוין אַרום!״

בייגט טאַטע זיך אָן און, ווי מיד ער איז,
כאַפּט ער די קאָזע פאַר די דינע פיס,

זאָטלט זי אָן און גלײַבט אויס דעם קאַרק.
אַ טראָט — און עס צערוקט זיך דער באַרג.

נאָך אַ טראָט. און שטערן — אַ זילבערנע קייט —
שפּרייטן זיך אויס ווי דער טאַטע גייט.

באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ און אָט איז אַ פּלויט.
און אָט שטייט די מאַמע, איר פּנים — טויט.

זאָגט קאָזע: „און איצט לאָז מיך שטיל אַראָפּ!"
— — — — — — — — — — — — — — —

...אין שטוב גלעט אַ ליכט טאַטנס ווײַסן קאָפּ.

## עפּל

האָט געקויפט מײַן טאַטע עפּל,
עפּל אינעם סאָד.
גייט ער מיטן קוישל עפּל
פריילעך, ס'טאַנצט דער טראָט.

קומט אַנטקעגן כוועד דער שיכּור
זאָגט ער: עפּל... היי!
און ער כאַפּט אַראָפּ דעם גרעסטן:
„גיכער, ייִדל, גיי!"

מיט דער פּיפּקע פאַרן טויער
שטייט דער מילנער ספּאַס.
„גיב מיר, איצקאָ, ווײַז אַהער נאָר,
עפּעלעך אויף קוואַס."

מיט דער פּיקע אויפן פערדל
רײַט אָן אַ זשאַנדאַר:
„ווו האָסטו געגנבעט עפּל,
ייִדל קאַשוועאַר?!"

ווערט מײַן טאַטע קלענער, קלענער.
שטויביק גליט דער שליאַך.
אָט איז שוין דער לעצטער עפּל...
קומט אַנטקעגן סטאַך.

סטאַך דער גרויסער, סטאַך דער שוואַרצער,
דער הײַדוק פֿון סטרי.
שטרעקט אים טאַטע אויס דעם עפּל:
„באַטיושקאַ, בערי!"

— האָט געקויפֿט מײַן טאַטע עפּל
ווי די בעבערס גרויס.
ליגט די זון איצט אינעם קוישל
און אויך זי — באַלד אויס...

## דער דאָמאָוויק

טאַטע זיצט בײַ אַ לעמפּל און רימערט אַ בײַטש
און קרעכצט זיך צו יעדעס מאָל.
קומט דער דאָמאָוויק מיט אַ שוואַרצער פּעל
און וואַרפט אים פון האַנט די אָל.

שרײַט דער טאַטע צום דאָמאָוויק: פּאַשאָל!
אָפּגעטאָן דײַנס — קאָנסט גיין!
קוקט דער דאָמאָוויק פון הרובע אַפּער
און שטשירעט זײַנע רויטע ציין.

שפּרינגט טאַטע אויף אַ בייזער און וויל
פאַרמאַכן פון הרובע די טיר.
ליגט דער דאָמאָוויק שוין אונטערן בעט
און מאַכט ווי אַ גריל: ציר, ציר...

כּעסט זיך דער טאַטע: אַ הונטס-פּאָט אַזאַ!
און בייגט זיך אַרונטערן בעט.
הערט ער קלאַפּן אין שײַבל איבער דער טיר
און אַ פלאַטשיקע נאָז ער זעט.

„אַזוי גאָר“... קלערט דער טאַטע בײַ זיך
און ווערט בלייך ביז די וואָרצלען האָר.
שטייט ער און האָרכט. ס'איז דאָך בלויז זײַן האַרץ
און דאָס פײַער וואָס מאַכט טררר, טררר.

זעצט טאַטע זיך ווידער אַוועק צום טיש.
דער נאַפט אין לאָמפּ גייט אויס.
די בײַטש איז פּאַרטיק און דער דאָמאָוויק
איז איצט ביז דער סטעליע גרויס.

## אויפֿן טשערמוש

נאַכטיקע פֿײַערן, קללות און ריטשען.
קלעצער ווי בערן אין טשערמוש זיך גליטשן.
האַך!

סיטשען די וואַסערן, שוימען און וואַקלען.
פֿנימער ווילדע מיט פֿער זיי באַפֿאַקלען
האַך!

וועלן פֿליטן זיך טראָגן אויף בוזעם פֿון טשערמוש
און הוצוליש ווער פֿלאַמען אין אויגן דער קערמיש:
היי!

## ערב דאַנעץ

אויף דער ברייטער טאָלאָקע פאַרן שענק
אָנגעגרייט שוין טישן און בענק,
פלאַטערן פענדלער, ציִען זיך סטענגעס,
שטייען פעסלער ווײַן אין לאַנגע שערענגעס —
מאָרגן דאַרף זײַן דער דאַנעץ.

זונפאַרגאַנג קלינגט זײַן לעצטן קלונג,
און לעקט אָפּ דאָס דאָרף מיט אַ רויטער צונג.
כאָכאָטשען הוצולקעס אין ברייטע יופּקעס,
פון ווײַטן הערט זיך דער ספּיפּטש פון פּאַראָבקעס —
מאָרגן דאַרף זײַן דער דאַנעץ.

גייט דורך אין זײַן שפּענצער דער קום סאַווין;
שטאָפּט אָן זײַן לולקע מיט געלען טוטין,
אַ שמייכל צעשפּילט זײַנע גראָע וואָנצעס:
וועלן שפּילן די פּידלען, צו להכעיס די קסאָנדזעס —
מאָרגן דאַרף זײַן דער דאַנעץ.

אין אַלקער, בײַם טיש מיטן בלאָען וואַזאָן,
מיר וואַרטן אַלע אויפֿן „גאָט פֿון אברהם".
דאָס טישטוך אין מיטן ווערט טונקעלער, טונקל,
מאַמע זיצט אין איר שאָטן פֿאַרזונקען —
מאָרגן דאַרף זײַן דער דאַנעץ.

## מיר גייען צום רבין, זאָל לעבן

דער „שאַ״ פון גבאי פּאַטשט אַריבער אַלע וואָרטער
און קלאַפּט זיך אָן אין אויסגעדאַרטן פּנים פון מײַן טאַטן.
ער ווינקט. לאָזט אין דער לופט צוויי ליפּן שמאַלצעוואַטע
און קערט זיך אום. איך שטוין: אַ רויטער גוידער דאָך זײַן קאַרק איז.

דער טאַטע מיטן בערדל שפּאַרט זיך דורך דורך עולם
ווי דורך אַ טונקעלער וואַנט. מען טוט זיך וויצלען.
געדיכטע וואָלקנס שווייס שפּאַרן אַרויס פון בליצלאָמפּ,
און ס'נאָגט אין מיר אַ פּחד ווי אין „ביקור חולים״.

איך האַלט זיך בײַ דעם טאַטנס האַנט. איך שטופּ און קאָפּע.
נאָר קיינער זעט מיך נישט אַרויס. איך ווער דערטרונקען.
און פּלוצים פּאַקט אַ האַנט מיך פּאַר די שלייקעס, הייבט מיך אונטער
און וואַרפט מיך, ווי אַ פויגל, איבער ים פון שטרײַמלען און קאַפּאָטעס.

איך שעם זיך. ס'איז מיר טאַטע פרעמד. כ'האָב פײַנט אים.
די גרויסע ייִדן האַלטן אונטער מיך מיט אַ געקיצל.
איך וויין, ווײַל מ'האָט דאָס היטל מיר פאַרדרייט; וואָס כ'בין אַ פּיצל;
און וואָס דער גבאי האָט אַ גוידער ווי דער בליצלאָמפּ
וואָס באַשײַנט אים.

אין אַלקערל, בײַם רבין, גאַפּן מײַנע אויגן אויף די שאַפּעס
און אויף דעם קלײנעם ייִדעלע וואָס זיצט פֿאַרזונקען
אין אַ שטול און שמײכלט.

און פּלוצים כּ׳פֿיל זיך גרינג. איך פֿלאַטער. וויל צו אים דערגרײכן,
נאָר ס׳האַלט צוריק מיך די דערשראָקענע, די פֿײַכטע האַנט
דעם טאַטנס.

## שדים

אין פּאָליש פלעמלט נאָך דאָס לעצטע ליכטל.
דער רבי זיצט מיט גרויסן שטערן אין דער האַנט
און ווייקט זיך אין אַ האַרבער קשיה. אין געדיכטן
טשאַד פאַרלירט זיך טיש און וואַנט.

אויף קינדער-קעפּלעך מידע שפּרייט דער דרעמל
זײַן שפּינוועבס אויס — אַ לאַשטשנדיקע דעק —
דאָס ליכטל האַלט שוין בײַם דערברענען, ס׳ברענען
די חלב-צויטן ווי קאַרליקלעך מיט זעק.

און פּלוצים: טוק! אַ קראַצן אויפן בוידעם.
אַ צווייטער טוק: מען גראַבלט בײַ דער שויב.
דער רבי שטייט אין מיטן פּאָליש: „שדים!״
די גרויסע נאָז זײַנע אין פּנים — טויט.

בהלה, קוויטשן, רוקן מיט די טישן.
די קינדער — גראָע, צעפּאָלאָשעטע פון שרעק.
גמראס ברייט-צעעפנטע אַליין זיך מישן;
דער אָרון-קודש גאַפּט — אַ שוואַרצער פלעק.

דאָס ליכטל גוססט. צוגעטוליעטע צום רבין
די קינדער שרײַען נישט. האָרכן זיך אײַן.
אַ שטיין צעפּלאַצט דאָס שײַבל. בלעטער שוועבן.
אַ קאַלטער אָטעם ווי אַ מעסער בלאָזט אַרײַן.

## טאַטע פאַרקויפט זאַלץ

טאַטע דרעמלט פאַזע גאַסן אויף דער קעלניע.
האָט זונפאַרגאַנג זיך אויסגעשטרעקט, אַ רויטער, אויף
זײַן וואָגן זאַלץ.
דאָס פערדל לויפט אַליין, פאַרטיפט אין טרויער פון זײַן בעלמע,
און אין פאַרוויגנדיקן גלין-גלאַן פונעם גלעקל אויף זײַן האַלדז.

פאַרשטויבטע קרעמלעך געגעצן אַליינקייט. אויף באַזונטער
בלעכענער וויוועסקע זיך שאָטנט קוים אַ ריר.
רײַט טאַטע מײַנער איצט אויף וואָגן, כולו צונטער,
לייגט אָפּ אַ קעסטל אָנגעפּיקעוועט מיט גאָלד פאַר יעדער טיר.

וועט זאַלץ באַלד פון דעם ווערן... דרעמלט טאַטע ווײַטער.
כאַפּט זונפאַרגאַנג זיך אָן אין וואָגן מיט אַ לעצטן שטראַל.
דאָס פערדל לויפט אַליין, אַ בעלמעדיק-פאַרשײַטער,
מיט לאָמע פיס, צום פוסטן זעקל „אָבריק״ פון דער שטאַל.

## האַווריל און דער טאַטע

ווינטן אין דרויסן. טרייסל און בלאָז.
האַווריל קומט אַריין מיט אַ בלאָער נאָז,

איינגעוויקלט אין שובע, מיט קוטשמע און דעק.
זאָגט טאַטע האַווריל: „זעץ זיך אַוועק."

ציטערט דאָס לעמפל אין זיין עיגול שיין.
ענטפערט האַווריל: „ס'איז צרות, כאַזיין!"

שטייט טאַטע ווייס ווי די וואַנט און האַרט אויס
ביז האַווריל שלעפּט פון גאַרטל אַ קוויטל אַרויס

און מאַכט מיט דער האַנט: „נאַש ראַבין שלאַף.
רעבעצן זאָגט אַז קומען דאַרף."

קרעכצט די מאַמע אַראָפּ פונעם אויוון: „ניין!
ס'אַ וויוגע אין דרויסן, כ'לאָז דיך נישט גיין!"

שטעלן קינדערשע אויגן זיך אויף: „טאַטע, הער,
ס'שטורעמט דער טשערמוש — אַ ווילדער בער!"



ענטפערט נישט טאַטע. ער שטעלט צו אַ באַנק
צו דעם אַלמער אין ווינקל, זוכט דאָרטן לאַנג,

און ווען ס׳הירזשעט דאָס פערד בײַם פאַרשנייטן פלויט —
גייט ער צו צום לעמפּל, דרייט אַרײַן דעם קנויט,

זאָגט דער שטוב: „זײַט געזונט". קושט מזוזה פאַרטראַכט
און לאָזט זיך אַרויס אין דער גרויסער נאַכט.

# אין קעלער

אין קליינעם, קעלערדיקן פענצטער זעט מען בלויז די פיס:
באַשוכטע, שטאַלטנע, און אויך באָרוועסע, אין בלאָטע.
וואַרפט יעדער פוס וואָס אינעם שייַבל צו זייַן שאָטן.
מיר חלומען: דאָרט אויבן, אויף דער גאַס, גייט דורך אַ ריז.

אַ בלאָע זיסקייט פוילט ארויף פון נאַסן דיל
און ס'דרעמלט זיך אַ גאַנצן טאָג. מיר קניִען
מיט דעמערדיקע וויִעס צו דעם שייַבל און פאַרציִען
מיט אַ ראַביטיש-דינעם שמייכל אונדזער סוד פון שפּיל.

פאַרבליאַקעוועטע בלומען אויף דער מאַמעס קאָפּטור. גראָ
גליטשט זיך אַפער אַ פאַסמע האָר. דער מאַמעס פּנים
איז אויסגעקלאַפּט פון זילבער. טונקלקייט פון תהומען.
די פיס אין שייַבל ווערן זעלטנער. אַ נאַפּט-לאָמפּ. ברויט נישטאָ.

## פעטשעריטשעס

געווען אונדזער ביסן געציילט אויפן לויט:
אַ טעפּעלע יושקע, בולבעס אין העמדלעך.
פלעגן בלישטשן אין אָוונט די אויגן ווי רענדלעך,
ווען געהאַט צו פאַרבײַסן לבנה מיט ברויט.

דערהויפּט אָבער זשיווען פלעגט שטוב זיך פון וואַלד.
פון די פּליישיקע, טוכלע, פאַרטאָג-פּעטשעריטשעס,
ווען פון וואָרצל ביז קרוין האָבן ביימער געצוויטשערט
און פון איטלעכן גרעזל האָט ראָסע געקוואַלט.

פלעגן אַלע מיר גיין. דער טאַטע פאָרויס,
מיט זײַן שפּיציקער באָרד אײַנגעבויערט אין גראָזן;
נאָך אים די מאַמע, מיט קאָפּטוך צעבלאָזן
און מיט שאָטן וואָס שטענדיק געווען איר צו גרויס.

און מיר קינדער — נאָך. מיט טעפּל און פּאַן.
מיט פרישקייט פון טאָג אויף פאַרלאַטעטע בגדים.
געזוכט פּעטשעריטשעס וואָס טוען זיך באָדן
ברוין-קעפּיק, רויט-קעפּיק אין גרינעם ים.

פלעגן אַלע מיר זוכן. בלויז טאַטע — נישט.
אײַנגעהויקערט, מיט קורצזיכטיק-טונקעלע אויגן
פֿאַרשפּיצטע אין גראָז פֿלעגט ער סתּם זיך אַזוי גיין,
ביז אַ בוים פֿלעגט צעקלאַפּן זײַן פֿלאָנטער פֿון טריט.

פֿלעגט ער טאַקע נישט עסן דערנאָכדעם די יויך
וואָס פֿלעגט גלאַנצן אַנטקעגן מיט וואַלד און מיט טעמים.
פֿלעגט אַ שרעק דעמאָלט טליִען אין אויגן דער מאַמעס
וואָס פֿלעגט אײַנשלינגען טאָג און אונדז קינדער אויך.

# מאַמע מעלקט די ציג

מאַמע מײַנע מעלקט אויס די ציג
און זאָגט: „נישט ווערט די מי!"
אַ גאַנצן טאָג זי קײַט און קײַט,
און מילך — כאָטש פון באַלקן צי!

ענטפערט די ציג מיט אַ ווײַסן קוק:
„באַלעבאָסטע, אויב ס'איז נישט ליב —
קלײַבט אײַך אַ בעסערע אויס פון מיר!"
און אַ קאָפּע אין עמער גיט.

גייט די ציג, אַ באַליידיקטע טיף,
און לאָזט זיך אַראָפּ צום יאַר.
זי וועט אַ מעשה אָנטאָן זיך!
פאַר איר גוטסקייט — דאָס דער שכר...

שטייט זי בײַם ברעג און קוקט אַראָפּ,
און עס ציטערן איר די קני.
...אַ גאַנצן טאָג זי קײַט און קײַט
און דערנאָך „נישט ווערט די מי".

הערט זי פון הינטער זיך אַ קול:
„ציגעלע, ציגעלע, שטיי!"
ניין — קלערט די ציג — אַלץ איינס שוין מיר.
איך גיי נישט צוריק צו זיי.

לויפט די מאַמע צו און נעמט זי אַרום:
„ווי דו האָסט מיך דערשראָקן, ווי!"
קוקט די ציג איר אָן מיט אַ שפּאַלט פון אויג:
„איך בין דאָך נישט ווערט די מי..."

שײַנט לבנה אַרויס פון וואַלד
און זעט: מען גייט צוריק.
פון פאָרנט די מאַמע און נאָך איר —
מיט פאַרריסענעם קאָפּ — די ציג.

## דאָס קעלבל

בלאָער אָוונט. די מאַמע זאָגט:
„מ'דאַרף געבן טרינקען דעם קעלבל.״
שעפּן מיר אָן דעם עמער בײַם קוואַל,
שטעלן אים אַוועק פֿאַר דער אָפענער שטאַל,
און — נישטאָ, נישטאָ דאָס קעלבל!

נעמען מיר זיך אָן פֿאַר די קליינע הענט,
ווייסן נישט וווּהין זיך ווענדן.
די נאַכט אינעם שטאַל איז ליכטיק-בלאָ,
און דער שטריק איז דאָ און דער האַלדז-באַנד דאָ.
נאָר נישטאָ, נישטאָ דאָס קעלבל.

...איז אפשר קעלבל אַנטלאָפן צום טײַך,
און אפשר צום נאָענטן וועלדל?
מיר קוקן זיך אַרום: אַ לבנה גרויס
הענגט אַראָפּ פֿון סטריכע און לאַכט אונדז אויס:
נישטאָ אײַער קעלבל, דאָס קעלבל...״

קערן מיר זיך אָפּ, ווילן גיין אַהיים,
און טרערן די אויגן אונדז בלענדן.
זאָגט די שוועסטער: „זע !״... איבער צעבער געבוקט,
מיט פּאַרריסענעם עק און מיט סאַמעט אין קוק —
שטייט און טרינקט ליכט אונדזער קעלבל...

## הוצולן

הוצולן פאַרטאָג. רויטער פראָסט אויף די שויבן.
טאַטע, אין קאָזשוך און קוטשמע, פאַרהאַקט
דעם סלופּ פון ראַגאַטקע. פון יענער זײַט טראַקט,
אויף דראָטן פון בלוט, וואָראָנעס זיך הוידן.

קרירה אין שטוב. האַרץ איז טויט ווי דער אויוון.
צעבראָסטעטע טיר אויפן אַנגעל — געשריי.
טאַטע ליגט ווי אַ זאַק אינעם רויטן שניי.
אויף דראָטן פון בלוט וואָראָנעס זיך הוידן.

כאַטע פאַרזונקען אין ערד. קאַרפּאַטן פון אויבן.
הוצולן-כאַמולעס אין דולן גאַלאָפּ.
טאַטע שפּרײַזט איבער שניי מיט געשפּאָלטענעם קאָפּ.
אויף דראָטן פון בלוט וואָראָנעס זיך הוידן.

## מאַמע פּליקט פּעדערן

אין שטוב איז אַ קרירה, דאָס נאַפּט-לעמפּל ברענט
צווישן נידעריקן שײַבל און וואַנט אײַנגעקלעמט.
פֿאַר דער טיר, אויף דער סטעזשקע, סקריפּעט דאָס אײַז.
מאַמע פּליקט פּעדערן, פּעדערן ווײַס...

איר קאָפּ איז אין פֿוך, אירע וויִעס — שניי.
בלויז איר טונקעלן קוק זעט מען פֿינטלען דורך זיי.
איר קוק ווערט באַלד אויך ווערן גראָ און גרײַז.
מאַמע פּליקט פּעדערן. פּעדערן ווײַס.

איז זאַק מיט פּעדערן פֿול ביז צום ראַנד.
מאַמע שעפּט און שעפּט ביז ס'ווערט טויט איר האַנט.
ביז סטעליע דרייט זיך אַרום אין קרײַז —
מאַמע פּליקס פּעדערן, פּעדערן ווײַס.

פּרירן אויף פּליטע פּענדלער און טעפּ.
דאָס נאַפּט-לעמפּל אויבעט באַלד אויסגיין ווער.
אויף דער פּליטע שפּרינגען אַרום שוין מײַז.
מאַמע פּליקט פּעדערן, פּעדערן ווײַס.

## דעמער

רויטע ווינטן. שײַבלעך אין נאַכטיקער שײַן.
שטעלן זיך אין שטוב צוויי גויִם אַרײַן.

שפּרינגט מאַמע דערשראָקן אויף פון איר זיץ.
זאָגט איין גוי: „דער כאַזײַן געפאַלן איז."

האַלט די מאַמע זיך אָן ווי אַ בלינדע אין וואַנט.
— „ווין זשיווע", זאָגט דער גוי און זײַן קול איז אַלט.

כאַפּט מאַמע אויף גיך איר שאַל און אַ זאַק.
מיט אַ מאָל ליגט טויט אויף איר שוואַרצער באַק.

מיט אַ מאָל איז אַ הויקער געוואָרן איר נאָז.
מיט אַ מאָל איז איר גאָמבע באַוואַקסן מיט גראָז.

...דעמער אין שײַבלעך. אויף ווינטיקן שליאַך
לויפט מײַן קליינע מאַמע. דערנאָך איז נאַכט.

## שפּענער

טאַטע האָט האַלץ און עס פּליִען שפּענער.
טאַטע שניצט פייגל אויס אינעם דעמער:
איינעם מיט פליגל, דעם צווייטן מיט הויקער,
און איינעם פון צעשניטענעם פינגער אַ רויטער.

פּאַלט דער מיט די פליגל אַרויף אויפן ווינט
און קומט אינעם וואַלד און זײַן רו געפינט.
דער צווייטער בלײַבט ליגן מיט הויקער און הערט:
ס׳באַוויינט אים מיט בלאָטיקע טרערן די ערד.

נאָר דער דריטער, דער פון צעשניטענעם פינגער,
שרײַט אַרײַן מיט זײַן בלוט אין דער אַנגסטיקייט בלינדער.
שרײַט און שרײַט ביז עס צינדן זיך אָן די שטיבער
און עס שרײַען מיט אַלע פייגל ברידער.

— — — — — — — — — — — — — — —

טאַטע האָט האַלץ און עס פּליִען שפּענער.
טאַטע שניצט פייגל אויס אינעם דעמער.

# דער מעקלער

דער שטיינערנער מעקלער זאָגט: „נישט, איז נישט!
אָן דעם בײַטשל קאַרעלן — גיב איך נישט!״

קנײַפּט זיך די מאַמע אין באַקן: „ס׳טײַטש!
צוויי ראַניש פאַר דער באָבע דוואָשעס בײַטש?!״

ליגט דאָס בײַטשל קאַרעלן, דער באָבעס ירושה,
אינעם שקעטל פון פלוש און באַדעקט זיך מיט בושה.

און פלוצים זעט מען: בײַם ראַנד פון טיש —
די קליינינקע באָבע אין טשיפּיק זיצט,

מאַכט אויף דאָס גראָע, אָנצאָניקע מויל
און זאָגט מיט אַ קולכל דין: „ס׳איז מיר וואויל!״

טונקען פאַר שרעק זיך די שײַבלעך אין דעמער.
דאָס ליכט פון קאַרעלן ווערט קלענער און קלענער.

און ווי נאָר דער מעקלער פאַרנומען האָט דאָס —
פילט ער ווי ס׳ציט זיך אים אויס די נאָז,

ווי זײַן גוף קאָרטשעט אײַן זיך, ווערט שטײַף און שטאַר,
און ווי פעדערן טוען פון אים אַ שפּאַר.

שרײַט מאַמע: „זעט דאָך, קינדער, ער חלשט!"
און ס'יאָגט אַ נאַכט פונעם קול דער מאַמעס.

נאָר אַז מען לויפט צו און מען מונטערט, שרײַט,
זעט מען: דער מעקלער שוין אויף יענער זײַט.

אַז נישטאָ מער פּאַר ווערמען דער גאַנצער הו-האַ.
ער זיצט ווי אַ קראָ און מאַכט „קרי" און מאַכט „קראַ".

און אַנטקעגן אים, אין אַ שקעטל פון פּלושן,
היט באָבע דוואָשע אָפּ איר ירושה.

## איבער הײַזער

פון יריד ברענגט דער טאַטע אַ טײַסטער אַ פולן
מיט סטענגעס און פּאַטשערקעס פאַר די הוצולן.

קומט ער צום ערשטן הוצול, נאָכן שלאָף.
מאַכט ער אויף דעם טויער: „דאַי באָזשע זדאָראָוו!"

פאַלט דער גוי אַרויס פון שטוב מיט אַ שטעקן,
און טאַטע אַנטלויפט — אויפן פּלייצע דאָס זעקל...

שטייט ער ווײַטער הינטער אַ הילצערנעם פּלויט:
אַ גויקע דאָרט זיצט און טשאַטקעוועט קרויט.

נעמט טאַטע פון קאָפּ אַרונטער דאָס היטל:
„סטענגעס, כאַזײַקע?" — דראָט זי אים מיט אַ ריטל.

גייט ער און גייט און ווישט אָפּ דעם שווייס.
בעריאָזעס, טאָפּאָליעס און פעלדער מיט ווייץ.

זעט ער: אַ סטעזשקעלע פירט צו אַ כוטאָר
און אַ שייגעץ, אַ גבר, מיט אַ קוטשמע אויף טשופּער.

נעמט ער אַ בײַטשל קאַרלען אַרויס:
„קויף, גאָספּאָדין, צוויי קרײַצערלעך בלויז."

קומט דער שייגעץ צו און קוקט אַ געניטער,
און דעם טאַטן אַ פּאַטש אינעם פּנים גיט ער...

זיצט דער טאַטע ביַים ברעג פונעם טראַקט און קוקט מיד:
אויף צעשיטע קאַרעלן אַ זונפאַרגאַנג גליט.

## דער געלער הונט

שטייט אַ געלער הונט פֿאַרן פּעטערס טיר,
שפּילט אויף זײַן הינטיש ליד:
— „נישטאָ קיין מזל, פֿאַר אַזאַ ווי איך;
ס'גיט קיינער קיין ביסן נישט.“

לייגט פּעטער דעם זייגער אַרויס פֿון האַנט,
לאָזט אַראָפּ דעם שפּאַקטיוו פֿון אויג:
— „אסור צי כ'ווייס וואָס דו ווילסט פֿון מיר.
כ'האָב אַליין נאָך נישט הײַנט אויף ברויט!“

בילט ווײַטער דער הונט מיט פֿאַרקלעמטן עק:
— „געמיינט... ווי געשיקט זיך... וואָדען?
אַז וועסט אַ שטיק חלה אַרויסטראָגן מיר,
ווי דו וועסט מיך אין שויב דערזען.“

זיפֿצט פּעטער אָפּ: „אַ שטיק חלה... וויי!
פֿון וואַנען? אַז די שטוב איז פּוסט,
פֿון מײַן גאַנצן פֿאַרקען זיך אין זייגערס כ'האָב
אַזש די לײַכטער פֿאַרקויפֿן געמוזט.“

בייזערט זיך הונט: „דו מיט לײַכטערס גלײַך!
און די פּיש האָסטו ליב אַליין!
און דאָס אַלץ ווײַל איך לויף דיר נישט נאָך אין גאַס
מיט מײַן בינטל געשליפֿענע ציין!“

קוקט פעטער אַ בלייכער דורך רויטער שויב
וואָס פאַרציט זיך מיט נאַכט און זעט:
דער הונט אין דרויסן זיך רײַסט און גרימט
אַז נאָך נוקם-זײַן אַ מאָל ער וועט.

# דער קאַרליק

עפנט קאַרליק אויף די טיר:
געבראַכט אַ זייגער פאַררי‍כטן.
שטוינט פעטער יואל, רוקט אַרויף דעם שפּאַקטיוו
צו זען דעם גאַסט אומגעריכטן.

נעמט ער דעם זייגער און וועגט אים אָפּ
און באַטראַכט אים פון אַלע זײַטן.
דאָס איז דאָך אַ זייגער וואָס אַזאַ
טרעפט מען נישט מער בײַ לײַטן.

לאַכט קאַרליק: „אָט דעם זייגער, אַ —
כ׳האָב אים ערשט הײַנט געלקחנט
פון אַ ייִדן וואָס געפאָרן צום בראָדער יריד.
אין איין שמיי־דריי געלקחנט.

טופּעט פעטער מיטן קורצן פוס:
— „ווי טוט מען עס אַזוי אַ ייִדן!
וועט זשאַנדאַר דאָך שינדן פאַסן הויט,
און אין אײַזערנע קייטן שמידן.“

לאַכט קאַרליק ווײַטער: „אַז איזן איז ער
אַליין דאָך דער גאַנצער זשאַנדאַר דאָ.
און בײַ ייִדן וואָס פאָרן אַרויס צום יריד
טוט ער גאָלדענע זייגערס אַרבן...

און ווי ער זאָגט דאָס, גיט ער אַ נעם
אַראָפּ פון קאָפּ דאָס מיצל
און צוויי אויגן טוען ווי גרינע ליכט
אין דער טונקל אַריַין זיך שפּיצן.

קלינגען דעם פּעטער זייגערס אין שלייף:
דאָך סעמיאָן דער זשאַנדאַר אַליין דאָ!
און וואָס זאָל ער טאָן מיט זײַן לאָמען פוס
ער זאָל אַזוי לאָם נישט שטיין דאָ?

צמצומט פּעטער זיך איַין און ווערט מילב, ווערט אויס.
דער זשאַנדאַר ווערט גרויס און גרעסער.
און דעם שטילן טיק-טאַק פון זייגער אויף טיש
הערט מען קלאַפּן אין שטוב ווי קלעצער.

## ווינט

רײַט טאַטע מיט צעפּאָכעטע פּאָלעס
אַרום אויפֿן פערד — דעם ווינט.
זאָגט ווינט: „אַז פֿון אַלע פערדלעך,
דיר געבליבן בלויז איך אַצינד.“

שווײַגט טאַטע מיט פאַרביסענע ליפּן,
דריקט שטאַרקער צום האַרץ דעם קויש.
— „ווי זעט מען זיך קומען בשלום
פֿון דער דאָזיקער וויוגע אַרויס?“

לאַכט ווינט: „און פֿון אַלע גליקן
שוין דײַן קאַפּעליוש אויך נישטאָ!
ער פֿליט איצט אַרום ווי אַ שיפֿל
פֿאַר דער אַלטער פּריצה'טע קראָ...“

שטרעקט טאַטע דערשראָקן די האַנט אויס:
חס ושלום! בגילוי ראש!
וווּ וועט ער דאָס היטל איצט זוכן,
אַז די נאַכט איז שוואַרץ ווי אַ שלאָס?

שטיפט ווינט דעם טאַטן אין פּנים:
„אויך דײַן שאַליקל איז אַוועק!
אַ שטערנטיכל געוואָרן
פֿאַרן הייליקן יוזיל בײַם וועג...“

שפּײַט טאַטע זיך דרײַ מאָל אין בוזעם:
דאָס שאַליקל — אוי, אַ שאָד!
אַ מתּנה געקויפט דער מיזינקע
אין ווײַטן יריד ער האָט.

דער ווינט מיט טויזנטער מײַלער
ווערט פליגל, ווערט פּאָכע, ווערט שטויס:
— „ווּ האָסטו באַהאַלטן דאָס קניפּל
די גאָלדענע רענדלעך אַרויס!"

— — — — — — — — — — —

טאַטע ליגט אויף דער לאָנקע.
אים צוקאָפּנס דער גזלן — ווינט.
און אַ שמאָלע לבנה בלאָנקעט
פון איר אייגענעם שרעק באַגרינט.

# אינעם שטעטעלע קאלאמיי

אינעם שטעטעלע קאָלאָמיי
דרייען זיך געסלעך אין שמאָל געדריי.
דרייען זיך געסלעך, מיַין טאַטע אין מיטן
מיט אַ בײַטשל אין האַנט און אַ רביש קוויטל.

דאָ אַ רבי, זאָל לעבן, אין שטעטל דאָרט,
מיט טאַבעקע גרינער אין ווײַסער באָרד.
און אַז דער רבי האָט געטאָן טאָן הייסן —
וואַרפט מען פון הענט אַרויס די לייצן

און מען לאָזט זיך טאַנצנדיק גיין
צו דעם רבין, זאָל לעבן, צון אים אַהיים.



אין דעם שטעטעלע קאָלאָמיי
שטייט אַ פאַריתומטער וואָגן היי.
שפּיצט דאָס פערדל אומזיסט אָן די אויערן:
נישטאָ דעם טאַטן צווישן די פּויערים.

פּויערים הין און פּויערים קריק.
מיט רעמענס פאַרשנירטע און קוטשמעס נאַ-ביק.
ווינקען זיך איבער בגנבה, צו זאָגן:
אַז ס'איז זיי קשה דער דאָזיקער וואָגן.

און אַז זון לאָזט אַראָפּ זיך אין יענער זײַט באַרג,
ווערט די פּויערים קשה דער וואָגן שטאַרק.



אינעם שטעטעלע קאָלאָמיי,
אין אַן אַלקערל ווײַס ווי שניי,
קוויקט זיך דער טאַטע מיט קרעכץ און מתיקות
פון רבישן מויל, פול תוך יעדער קוויק איז.

און אַז ס׳לאָזט זיך מנחה אַראָפּ אין דער שויב,
קרעכצט דער רבי: וועסט בלײַבן, כ׳גלויב.
שפּרינגט דער טאַטע „קדוש״ און בלײַבט איבער מעריב,
און דער רבי, זאָל לעבן, איז אים מקרב.

ערשט ווען לבנה פּויקט אָן אויפן דאַך,
איז ווידער טאַטע געוואָרן וואַך.



אינעם שטעטעלע קאָלאָמיי
נישטאָ קיין וואָגן און פערד, אוי וויי!
גאַסן און געסלעך, מײַן טאַטע אין מיטן,
מיט אַ בײַטשל אין האַנט און אַ רביש קוויטל.

## דאָס פערדל

זאָגט דאָס פערדל: „קיין האָבער גיסטו נישט מער —
הענגט מײַן פעל אויפן גוף ווי אַ מוטנע טרער.״

טרייסט טאַטע: „מ׳עט דורכלעבן ווי ס׳נישט איז.
אויך מיך טראָגן קוים נאָך אַרום די פיס.״

קלאָגט פערדל זיך ווײַטער: „און סיטשקע אפילו
נישטאָ מער אין זשאָלעב, דעם הונגער צו שטילן״.

קראַצט זיך טאַטע אין בערדל און זאָגט: „אַ נײַס!
דו ווייסט דאָך אַז סיטשקע האָבן ליב די מײַז.״

בייגט פערדל דעם קאָפּ אָן: „און היי — באַלעבאָס?״
טאַטע: „אַ פראָסט אין דער וועלט, נישט צו ווײַזן די נאָז!״

קוקט פערדל שטום, מיט אַ בלאָער בעלמע.
אין שײַבלער, ווי גלאָז, די דאָרף-שנייען פלעמלען.

## הספד נאָכן פערדל

געשטאָרבן דאָס פערדל. דאָס פערד מיט דער בעלמע.
נישט געקאָנט דערוואַרטן דעם סוף פון די שנייען.
און צו וואָס? ס׳וואָלט סײַווי נישט קיינער געקומען
דאָס האַרץ אין זײַן פערדישן גוף דערפרייען.

אַ ייִדיש פערדל געווען, אַ פאַרחלומטס,
מיט נידעריקער ליפּ, אַ פאַרטיפטער אין טראַכטן;
מיט ריפּן און פעל אײַנגעפאַלענע זקניש
וואָס האָבן געוויינט ווען ס׳האָט וועלט אויסגעלאַכט אים.

און געהאַט האָט ער דאָך בלויז איין שפּלען חלום:
צו פילן דאָס כראָמקען פון סיטשקע אין זעקל;
צו וויסן אַז ס׳וואַרט אויף אים היי אין זשאָלעב
און אַ נאַכט וואָס וועט אים מיט שלאָף פאַרדעקן.

אָבער גאָרנישט געווען: נישט קיין היי, נישט קיין סיטשקע,
בלויז אַ טאַטישער קוק וואָס געבעטן מחילה,
אַ פאַרפרוירענער ספּיפּטש פון די מײַזלעך אין ווינקל
און וואָיען פון וועלף אין די פראָסט-נעכט די שטילע.

געשטאָרבן דאָס פערד. אויסגעשטרעקט זיך, געשטאָרבן.
געלאָזט אונדז אַליין צווישן הויכע קאַרפּאַטן.
מיט דער ליידיקער שטוב וואָס טרינקט זיך אין שנייען
און מיט מידן, דערשראָקענעם קוק פון מײַן טאַטן.

# פּאַראַסקע

איז געלע פּאַראַסקע פון זינען אַראָפּ.
לויפט דאָס גאַנצע דאָרף זי באַקוקן.
שיקסעס שפּײַען אין פּאַזוכע זיך
און גויקעס צום יויזל זיך בוקן.

טאַנצט פּאַראַסקע מיט צעבראַסטעטער ברוסט
און קנאַקט זיך צו מיט די פינגער.
לאַנג, מיט צעבויגענע פּושקעס בלעך,
לויפט נאָך איר אַ טשאַטע קינדער.

מיט שטעקן אין האַנט און מיט פּליכן קאָפּ
קומט אַנטקעגן וואַסיל דער שפּרעכער.
פון הינטער קאַרפּאַטן, דער אָוונטרויט
גיסט פּײַער אויף אַלע דעכער.

# אין שענק

הוצולן אין שענק. טאַטע שטייט און פּלאָמט.
דעם לעצטן הערינג שוין אויסגעראָמט.

אויסגעטרונקען דעם לעצטן זאַפּאַס.
נישטאָ מער קיין טראָפּן בראָנפן אין פאַס.

צעשרייט אַ הוצול זיך, מיט קוטשמע נאַ-ביק:
„בראָנפן דאַוואַי! אַ נישט — מאַך איך ,כיק׳!

צאַנקט דאָס נאַפטלעמפּל אויף מיט אַ פלעמל און פאַלט
צוריק אין זײַן שאָטן וואָס הענגט אויף דער וואַנט.

רוקט זיך די סטעליע אַראָפּ ווי אַ קנויל
און פאַשרנירט מיט פּחד דעם טאַטנס מויל.

זאָגט די מאַמע: „וואָס שטייסטו און חלומסט? לויף
אַרויס אין גאַסן, רוף וועלט צונויף!"

נאָר דער טאַטע, פאַרגליווערט, מיט צאַפּן און פלאַש,
שטייט און שווימט אַוועק מיט הוצולישן רעש.

רײַסט מאַמע דעם צאַפּן אַרויס. אַ שטופּ —
און שאַ... פונעם פעסל דערהערט זיך אַ כליופּ,

אַ כליופּ אַזאַ זיסער, אַ כליפּ — אַ געזאַנג.
בייגט טאַטע זיך אָן. נאָר אַ גאַנצער „גאַנג"!

דער צאַפּן שפּילט ווײַטער, דער בראָנפן רינט,
און אַ בלאָער נעפּל דעם שענק פאַרשפּינט.

## מײַן טונקעלער טאַטע

אָוונט אויף די דעכער.
מײַן טונקעלער טאַטע דרייט און דרייט
די קאָלבע פֿון אַ קאַטערינקע.
מידקייט אומעטום. פֿאַרשטויבטע רייד.
אַן אַדערדיקע האַנט צינדט אָן אַ קנויט.
מײַן טונקעלער טאַטע דרייט און דרייט די קאַטערינקע,
ביז אַלע גאָרנדיקע שײַבלעך ווערן רויט.

אַן אונטערוואַסער-שיף אַזאַ. געבויט
פֿון פֿאַרמעטענע ווענט און שמות.
מײַן טונקעלער טאַטע פּיקט און פּיקט די וועטשערע פֿון טיש.
די שאָטנס קנוילן זיך אַרום אַ רעפּטל ברויט. פֿון שטיין איז
דער ווײַסער קוק פֿון זיידע דורכן שפּאַלט פֿון פֿריטש.
מײַן טונקעלער טאַטע בראָמקעט שטערן פֿונעם טיש,
ביז ער דערפֿילט זײַן אונטערגייענדיקן קאָפּ. חלומות.

נאַכט איבער טונקעלע טרעפּ. קוים, קוים וואָס
אַ פֿליוך פֿון פֿלעדערמייז צערײַסט דעם דרעמל.
פֿאַרשטומטע גאָרנס געזעגענען אַראָפּ אין תהום.
שטיינערנער זיידע קאָן צום טישל נישט געזעגענען.
מײַן טונקעלער טאַטע פּיקט שוין לאַנג נישט מער. נאָר אָן!
אַ שמייכל ווײַזט זיך אונטער וואָנצע, ווי אַ צאָן
אַן אויסגעשטרעקטער צו דעם זיידן: ער זאָל נעמען!

## אַ טאָרבעלע מעל

אַ טאָרבעלע מעל אויף דער פּלייצע פון טאַטן.
וויוגע. שניי ביז צום בויך. צוויי קאַטן.

וויוגע. טאַטע פליט מיטן טאָרבעלע מעל.
הינטער אים די קאַטן. געספּיפּטש. באַפעל.

טאָרבעלע מעל ווערט זעקל, ווערט זאַק.
טרערן בלוט אויפן טאַטנס באַק.

טאָרבעלע מעל ווערט סטירטע, ווערט סטויג.
וויוגע שפּריצט בלוט אינעם טאַטנס אויג.

טאָרבע ווערט באַרג און אַ וועלט איבער אים.
פליט טאַטע מיט וועלט אויפן קאַרק. וווּהין ?

פליט טאַטע מיט וועלט, און אָט — אַ וואַלד.
שרייַען די קאַטן פון הינטן : „האַלט !"

וויוגע פון הינטן, פון פאָרנט. געדריי.
טאַטע ווערט פלוצים אַ פלאַטערל שניי.

טאַטע ווערט פּלוצים פויגלדיק-דין.
ער לויפט און אַ גאַנצע וועלט נאָך אים.

— — — — — — — — — — — —

טאָרבעלע בלוט אויף דער פּלייצע פון טאַטן.
וויוגע. אין נאַכט אַריין לאַכן צוויי קאַטן.

# טאַטע ווערט גראָ

טאַטע שטייט אין דער טיר און רויכערט מיט ביטול:
„מירצעשם מאָרגן טרײַבן מיר פּליטן.״

ענטפערט מאַמע: „ס׳קאָצל קומט!״ און קוקט פּאַרוויינט.
„אַז משיחן ברענגסטו צו גאַסט — געמיינט.״

שפּרײַזט טאַטע אַרײַן מיט שטײַפע טריט,
גיסט אָן זיך אַ גלעזל מיט אָקעוויט.

הייבט מאַמע זיך אויף, גיט מיט פאַרטעך אַ וויש:
„ביסט מסתּם הונגעריק — גרייטן צום טיש.״

רוקט טאַטע די מאַמע אַוועק מיט דער האַנט.
זײַן שאָטן איז גרויס אויף דער זוניקער וואַנט.

זעצט זיך אויף אַ שטול און זאָגט: „אָוו — וואַ!
נישט געדאַכט זאָל ווערן אַ וועלט אַזאַ!״

און פּאַטשנדיק מיט פּאַטשיילע אין טעלער: „נו — אָ!״
„זע נאָר״ זאָגט מאַמע „ביסט אינגאַנצן דאָך גראָ!״

## טאַטע טרײַבט פּליטן

פּליטן אויפֿן טשערמוש,
הוצולן שיכּור — לויט.
זיי שפּרינגען איבער די קלעצער
עלעהיי אַ גרינער פּלויט.

זיי טאַנצן אין הויכע שטיוול
און פֿאָכען מיט לאַנגע העק.
און די קוטשמעס זייערע ווינקען
אַריבער פֿון ברעג צו ברעג.

דער טשערמוש שטורעמט, יאָגט זיך
געטריבן פֿון הוק צו הוק.
צווישן הויכע בערג — קאַרפּאַטן,
אינעם בלאָען לאַנד פֿון בוק.

ווײַזט איין הוצול דעם צווייטן:
„ווער רײַט דאָרט אויפֿן פּליט?"
און עס לאַכט אַריבער דער ענטפֿער:
„דאָס איז דאָך איצקאָ זשיד!"

הוצולן אין הויכע שטיוול,
הוצולן מיט העק אין הענט.
זיי אַרט נישט וואָס ס׳רוישט דער טשערמוש,
זיי פֿילן נישט זון וואָס בלענדט.

זיי יאָגן זיך נאָכן טאַטן,
זיי זענען שיכור־לוט.
דאָס שפּרינגען ביַיַ זיי איבער קלעצער
ווי דאָס שפּרינגען איבער אַ פּלויט.

דער טאַטע מיט וויַיסע אַרבל,
מיט יאַרמולקע אויפן קאָפּ.
ער וויגט זיך מיט אַ זונשטראַל
אויף כוואַליעס אַרויף־אַראָפּ.

ער פּרוּווט צעטריַיבן די כוואַליעס
מיט האָקן אין שוואַכער פויסט;
ער פילט ווי דער טשערמוש ווערט ברייטער.
זעט: ער ווערט גרעסער, גרויס.

און דאָ פליט גאָר דורך אַ דערפל
מיט געקאַלעכטע בלאָע ווענט.
אַ צערקווע שפּיצט זיך אין הימל
פון אַ וויַיסער כמאַרע פאַרשטעלט.

אַ ווינטל בלאָזט אַנטקעגן,
דער טלית־קטן פליט.
כאָכאָטשען הוצולן: כאַפּן
דעם פליט פון איצקאָ זשיד!

די שטאָלענע דראָטן סקריפּן,
די קלעצער זיך יאָגן דול.
נאָר שטאַרקער פון דראָטן און קלעצער
זענען די הענט פון הוצול.

טאַטע פּילט ווי זיי קומען
וויל פאַרקערעווען צום נאָענטן ברעג.
זײַן שפּיציקע באָרד איז פלאַטער,
זײַן טלית-קטן — שרעק.

הערט ער לאַכן פון הינטן: „איצקאָ!"
הערט ער ספּיפּטשן פון הינטן: „סטאָי!"
טשערמוש — אַ גוטער ברודער
אים אַרט נישט ייִד צי גוי.

פּילט טאַטע פּלוצים אַ טרייַסל.
ס'פאַרכאַפּט אים די ברוסט אַ שטויס.
זײַן יאַרמולקע זעט ער פליִען
אין דער לופט — אַ שוואַרצע רויז.

און אַ בריאַזגן, אַ סקריפּן, אַ כוואַליען,
און אַ ספּיפּטשן, כאָכאָטשן ווילד.
פּילט טאַטע: ס'פאַרפּעלט אים דער אָטעם.
דער ט ו י ט אים אין אויערן שפּילט.

רײַט טאַטע איצט אויף אַ קלעצל.
בלויז אַ דערפל נישט ווײַט פון ברעג.

און דער טשערמוש שוימט ווי פריִער
מיט פליטן אַוועק, אַוועק.

— — — — — — — — — — —

פליטן אויפן טשערמוש,
הוצולן — שיכור-לוט.
זיי שפרינגען איבער די קלעצער
עלעהיי אַ גרינער פלויט.

## געוויסער

טשערמוש אַרויס פֿון די ברעגעס. ס׳האָט נאַכט
די גראָע קאַרפּאַטן צו קבורה געבראַכט.
פֿאַרטאָג, ווען עס הייבט אָן אין דרויסן שאַריען,
האָט מען געזען שוואַרצע כמאַרעס פֿליִען.

האָט מען געטריבן די קינדער אין גאַס,
גערעדט צו זיי הויך ווי פֿון פּוסטן פֿאַס.
נאָר קולות און פּנימער, סטעגעס נאָך סטעגעס,
אינמיטן דעם נעפּל געבליבן הענגען.

הוקן און סטוקן פֿון נאָענט, פֿון ווײַט.
טומאַן איבער דאָרף ווי אַ בעלמע רײַט.
און אין דער אויסגעראַנעקייט בלינדער
שעלטן זיך מאַמעס, וויינען קינדער.

הייבט דער טומאַן זיך אויף מיט אַ מאָל
און אַנטפּלעקט, ווי אויף דלאָניע, דאָס גאַנצע טאָל.
טשערמוש — אַ צעיושעטער ים; האַרמידער.
טשערמוש פֿאַרגנבעט זיך שוין אין די שטיבער.

## טאַטע בינדט צו די שטוב

טאַטע קריכט אַרויף אויפן דאַך.
סאַפּעט אים נאָך אַ גויעק.
— „האַלט איצט דעם שטריק און קוק נישט אַראָפּ!"
— „דאָברע" — שאָקלט צו דער גויעק.

שטייען זיי ביידע: טאַטע און גוי,
הערן ווי דער טשערמוש וואָיעט.
זאָגט טאַטע: „צוקניפּן צו אָט דעם סלופּ!"
— „דאָברע" — שאָקלט צו דער גויעק.

דער טשערמוש וואָיעט און ס׳ווייעט דער טומאַן.
גליטשיק ווי גלאָז דאָס שטרוי איז.
אַ טרייסל אין כאַטע. טאַטע ווערט בלייך
און ס׳צלמט זיך אָפּ דער גויעק.

דער טשערמוש אונטן — ווייַט און געל.
כוואַליעט און רייַסט און ראָיעט.
אויף שטרויענעם דאַך געאָרעמטע צוויי:
מייַן טאַטע און דער גויעק.

## שטורעם

אין אַ בלישטשענדיקער זון אַרויס מײַן טאַטע אויפֿן פּורל.
פֿאַרנאַכט, בײַם זאַטל פֿון די בערג, געפּאַקט האָט אים דער שטורעם.

קוקט טאַטע: ברוינע ווענט פֿון לינקס, פֿון רעכטס, פֿון הינטן.
דער טשערמוש שיפּעט קוים. אַ גראָע וואַרעמקייט פֿאַרשפּינט אים.

„אָט האָסטו דיר!" זאָגט טאַטע צו דעם פֿערדל, פּילט אָן
ערשטן טראָפּן.
און פּלוצים שטרעקט זיך אויס אַ האַנט, רײַסט היטל פֿונעם קאָפּ אים.

שפּרינגט טאַטע אַ צעטומלטער אַראָפּ פֿון קעלניע, כאַפּט דאָס
פֿערד בײַ לייצן.
נאָר אַ צעבעסטער דאַמאָוויק גיט מיט אַ פּליוכע ווינט
אים אַ צעטרייסל.

און מיט אַ מאָל — אַ פּולע וועלט מיט דאַמאָוויקעס כליאַפּן, ריטשען,
טאַטע פּליט — אין פּינטל פֿון אַ בליץ — איבערן דישל.

דאָס פֿערדל — דיבאָם, באַרג־אַראָפּ־אַראָפּ. אין לייטערדיקן וואָגן
אַ מחנה דאַמאָוויקעס זיך צום מלכותדיקן דאַנעץ יאָגן.

גאַלאָפּ — גאַלאָפּ! אַראָפּ — אַראָפּ אין דונערן און בליצן —
די דאַמאָוויקעס מיט געבראַזג בײַ אַ פֿאַרשייטן מאָלצייט זיצן

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געלעבטער — אָפּגעהאַקט. ריטשקעס הודיען ווילד אין אַלע היילן.
טאַטע ווישט פֿון פֿערדל אָפּ דעם שווייס מיט אַ פּאַטשיילע.

זילבערדיקער ראַנד פֿון בערג, דורך שוואַרצע הייכן צעריסן.
טאַטע פֿאָרעט זיך מיט ציטערדיקע הענט בײַם נאַסן דישל.

פּערלדיקע שטראַלן גליטשען זיך אַראָפּ צום טאַטן, קוקן אָן אים.
שלינגט אַ שוואַרצער וואַוקולאַק דערנאָך אײַן טאַטנס פּנים.

## פּאָגראָם

אין גאַסן דרייען זיך הינט
מיט איַינגעצויגענע עקן.
אויפן הימל אַ רויטער ווינט
קאָן פוסטקייט פון דאָרף נישט פאַרדעקן.
דער בלעכענער האָן אויפן דאַך
ווערט זיך אָפּרייַסן באַלד פון שטעקן.

טאַטע שטייט אין בלויזן העמד
מיט אונטערגעבונדענע באַקן.
אַ שטויביקער וויכער ברענט
נאָך אַנטלויפנדיקע קאָזאַקן.
אויסגעלאָשן און שוואַרץ ווי קויל
גליווערן ווענט — קאַרפּאַטן.

אויפן דאַך דער בלעכענער האָן
ווערט זיך אָפּרייַסן באַלד פון שטעקן.
טאַטע אין העמד אָנגעטאָן
קאָן די אויגן פון טויט נישט דערוועקן.
און די הינט טוען פוסטע גאַס
מיט אַ דינעם געוואָי פאַרדעקן.

## דאָס ליכט

...אָפּגילטן די שטיינער;
אַרײַנפּלעכטן צווישן זיי בלומען;
אויסלעקן זייערע ווונדן
וואָס געבליבן פון אַלע משיחים;
טרעטן אויף זיי פרײַ,
מיט אַ הויכן טראָט,
און הערן אין זיי דעם אָפּקלאַנג
פון טאַטעס, זיידעס און אור־זיידעס
וואָס שפּאַנען, ווי איך,
הויכע, פּליעסקען מיט הענט,
קנאַקן צו מיט פינגער אין טאַנץ;
זאָגן מײַן טאַטן וואָס קוקט מיר
אַריבער דער פּלייצע:
זע — נישט אין ווינאָזש דו ביסט,
אין אוקראַאינע,
נאָר דאָ, צווישן שטיינער
וואָס הייבן אָן בליִען מיט ליכט.
זע, טאַטע:
דו ביסט דאָס ליכט!

# גלאָסאַר

**טשערמוש** = טײַך אין גאַליציע, גיסט זיך אַרײַן אין פּרוט.
**קוטשמע** = פּעלץ־היטל.
**דאָברי־דין** = ברכה (אוקר.) = אַ גוטן טאָג.
**באַרעמיק** (באַרעם) = בינטל.
**הוצולן** = אוקראַינער, רוטענער, גוראַלן, = פּאַסטעכער אין די קאַרפּאַטן.
**יויזל** = צלוב, בײַ די קרײַצוועגן.
**הינען** = דאָ.
**סניאַטין, פּאָדרײַעץ** = שטעטלעך אין גאַליציע.
**וואָוקולאַק** = אין אוקר. פּאַלקלאָר, וועלף וואָס שלינגען אײַן די לבנה.
**יאַלאָווע** = עקרה, קי וואָס האָבן אויפגעהערט זיך צו קעלבען.
**זעכט** (זוכט) = טובערקולאָז.
**באָבעצי** = הייבאַם, גלײַכצײַטיק גענײט אין קרײַטעכצער, שמירעכצער, אָפּשפּרעכן.
**טאַלאָקע** = פּלאַץ.
**דאַנעץ** = פון דײַטש: 'טאַנץ'.
**טאַטין** = טאַבאַק.
**טרומנע** = אָרון (אוקר.).
**ווידלע** = הייגאָפּל (אוקר.).
**הײַדוק** = באַנדיט, גזלן, רוצח, אַ מין אוקר. גלגול פון „רובין הוד".
**קאָזע** = ציג.
**פּיקע** = דאָ אין זין פון באַגנעט.
**קוואַס** = געזויערטע עפּל.
**קאַשעוואַר** = ווײַזט אויס פון רוסיש; איינער וואָס קאָכט קאַשע. דאָ אין זין פון אָנמאַכער פון צרות
**באַטושקאַ** = באַצייכענונג פון עלטסטן (טאַטע לעב).
**בערי** = נעם.
**דאָמאָוויק** = הויז־שד, מזיק, נעמט אָן פאַרשיידענע צורות.
**פּאַשאָל** = אַוועק!
**הונטס** — פּאָט: זידל־וואָרט.
**קערמיש** = סעודה אויף וועלכער מ'שיכורט
**קום** = קוואַטער.
**קסאָנדז** = כומר.
**וויוועסקי** = שילדל.
**נאָש ראָבין שלאָף** = אונדזער רבי איז שלאָף (קראַנק).
**פּעטשערימשעס** = שוועמלעך (אוקר.).

**ראָסע** = טוי.
**זשיווען זיך** = מפרנס זײַן, אויסהאַלטן.
**יאַר** (אוקר.) = טאָל.
**ראַגאַטקע** = שלאַבוים; בײַ דער ראָגאַטקע פלעגט מען מוזן געבן אַן אָפּצאָל כדי צו קאָנען דורכגיין פון איין געביט צום צווייטן.
**כאַמולעס** = שטאַמט פון 'כאַם', ווילדע יונגען.
**פּליטע** = אויוון.
**ווין זשיווע** = ער לעבט.
**ראַניש** = גילדן, טאָלער.
**בײַטש** = האַלדז־קייטל (בײַטשל קארעלן).
**טשיפּיק** = קאָפּטיכל.
**טײַסטער** = טאָרבע.
**דאַי באָזשע זדאַראָוו** (אוקר.) = גיב גאָט געזונט.
**כאַזײַקע** = באַלעבאָסטע (אוקר.).
**כוטאָר** = אַליינשטייענדיקע ווירטשאַפט.
**גאָספּאַדין** = האַר.
**קרײַצער** = עסטערײַכישע מטבע.
**נאַ־ביק** (אוקר.) = אַן אַ זײַט.
**פאַזוכע** (אוקר.) = בוזעם.
**צאַפּן** = שפּונט.
**פּריטש** = באַנקבעטל.
**קאַט** = היצל.
**ס'קאַצל קומט** = אַ מין ברוך־הבא.
**אַקעוויט** = בראָנפן.
**געוויסער** = פאַרפּלייצונג.
**דאָברע** = גוט.

## ביכער פון זעלבן מחבר:

**הגדה של פסח**, לידער (העקטאָגראַפירט)
רוים, 1946

**אין הינערפלעט** (טאָרף־לידער)
רוים, 1946

**אין שאָטן פון מולד**, לידער
פאַרלאַג „די גאָלדענע פאַווע״, פאַריז 1954

**ווײַסע טויערן**, לידער
פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1964

**שמייכלען פון ארץ הקודש**, לידער
פאַרלאַג „המנורה״, תל־אביב, 1969

**רעגן־בויגן צוקאָפּנס**, לידער
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך״, תל־אביב, 1973

**אין לאַנד פון אליהו הנביא**, לידער
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך״, תל־אביב, 1977

# אינהאַלט

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

## הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונגען

(2טע רשימה)

בער מאַרק / מגילת אוישוויץ, מיט דאָקומענטן געפונענע אין אוישוויץ

יעקב צבי שאַרגל / פון אָנהייב אָן, עסייען מיט פּאַטאָס פון די „אָנהייב"לער

רחל אויערבאַך / בײַם לעצטן וועג, אין געטאָ וואַרשע און אויף דער אַרישער זײַט.
וועגן רחל אויערבאַך — פּראָפּ. דב סדן און ד"ר יוסף קערמיש

דוד האָפּשטיין / לידער און פּאָעמעס. צוויי בענד. צונויפגעשטעלט פון פייגע האָפּשטיין. צייכענונגען פון מאַרק שאַגאַל, הלל האָפּשטיין און ה. אינגער. פּאָרטרעטן געצייכנט פון ס. שור

מלכה חפץ־טוזמאַן / הײַנט איז אייביק, לידער

אריה שמרי / אויף גרינעם פּאַרמעט, לידער און פּאָעמעס

ישעיהו שפּיגל / צוויי דערציילונגען — שני סיפורים. תרגם: מרדכי אמיתי

ישעיהו שפּיגל / צווישן תּוו און אַלף, געקליבענע לידער

יוסי גמזו / לענדער פון דאָרשט, לידער
עסיי און איבערזעצונג: פּראָפּ. לאָרענס (לייב) גרעצקי.
צייכענונגען — דער מחבר.

יהודה קערש / דער וועג פון אַ פאַלק

שמואל יוסף עגנון / צווישן אַלט און ניי, אויסגעוויילטע דערציילונגען.
ייִדיש: חיים גורט.

יצחק בורשטיין־פינער / מיין מאַמע — סקיצן, דערציילונגען, נאָוועלן
מיט אַן אַריינפירוואָרט פון י. צ. שאַרגעל.

יעקב פרידמאַן / געזעגן אויף אַ ווײַל — פּראָזע

אברהם סוצקעווער / דאָרטן ווו עס נעכטיקן די שטערן, דערציילונגען.
צייכענונגען: יאַני פּײַן

הירש אָשעראָוויטש / בלויע בומעראַנגען, לידער און פּאָעמעס

חיים זעלצער / שאָטנס אין מדבר, לידער און באַלאַדן

דב סדן / טויערן און טירן, עסייען און עטיודן

דאָרע טייטלבוים / ביים טויער פון מעת־לעתן, לידער

דוד ספארד / שפּאַצירן אין דער נאַכט, לידער

ישראל אייזענבערג / פאַרוואָס גראָד איך?

מ. אַליצקי / לידער פון פריער און פון איצט

משה שטאַרקמאַן / געקליבענע שריפטן, בוך 2, צוזאַמענגעשטעלט: י. צ. שאַרגעל

שלמה שנהוד / לידער פון הייליקן עפּלפעלד. צייכענונגען: פנחס שער

ישעיהו שפּיגל / געשטאַלטן און פּראָפילן — עסייען. באַנד צוויי

חנה שליט / אין שטענדיקן צאַפּל, לידער

מנוחה ראָם / שטיינער, ח"י דערציילונגען

שרה שבת / פון היים צו היים, לידער

יעקב צבי שאַרגעל / קוואַלן אַרום געצעלט — צווישן שרייבער און ווערק. בוך צוויי.

יצחק יאַנאַסאָוויטש / אברהם סוצקעווער זײַן ליד און זײַן פּראָזע

יעקב י. מייטלים / פון ווײַטן אַמאָל ביזן היינט, פאָרשונגען און עסייען

הדסה רובין / אין צוגווינט, לידער.

הירש אָשעראָוויטש / ביים עץ הדעת, לידער.

עלי שעכטמאַן / רינגען אויף דער נשמה — ערשטער און צווייטער בוך